# גאָט, מענש און טײַוועל



דראַמא אין 4 אַקטען

מיט אַ פראָלאָג

פֿון

עקב גארדין.



## פערזאָנען:

| | |
|---|---|
| הערשעלע דובראָוונער, סת"ם | עטליכע און פערציג יאהר |
| פעסעניו זיין ווייב | די זעלבע יאהרען |
| ר' לייזער בדחן, זיין פאָטער | " 70 יאָהרען |
| פריידעניו, ציפעניו, זיינע פלעמעניצעס | 18 און 16 יאָהר |
| חאצקעל דראכמע, זיין פריינד, א וועבער, | עטליכע און פערציג יאָהר |
| דאָבע, זיין פרוי, א קורצזיכטיגע | די זעלבע יאָהרען |
| מאטעלע, זייער זוהן | ביי צוויי יאָהר |
| אוריאל, מזיק | א יאָהר דו |

עס קומט פאָר אין דובראָוונע, רוסלאנד אין אונזער צייט.



## פראָלאָג — (אין הימעל).

(דער כסא הכבוד אין דער הויך, אונטען הימלען, וואָלקענס, פיעל שטערן. זעהר פיעל ענגלען, יונגע שוועבען אין דער לופטען, אלטע מלאכים ביי די טרעפ פון כסא הכבוד, דער שטן שטעהט בעזונדער פון דער וייטען).

כאָר יונגע מלאכים: שטאַרבען שטאַרבט אַלעס, וואָס עס איז און עס לעבט.

דאָס לעבען אַליין איז אונשטערבליך.
שטערליך איז דאָס נאָר, וואָס עס וויל און עס שטרעבט,
דאָס שטרעבען און ווילען — אונשטערבליך...

כאָר אַלטע מלאכים: די וואַרהייט איז עוויג, עוויג אונד איין:
גוטעס און שעהנעס איז וואַרהייט אַליין.

יונגע מלאכים: עס שטאַרבען די פאָרמען, דער שטאָף אָבער לעבט,
די אידעע דער פאָרם איז ניט שטערבליך.
אידעע און שטאָף צוזאַמענגעוועבט,
דאָס איז גייסט און נאַטור, ס'איז אונשטערבליך.

אַלטע מלאכים: די וואַהרהייט איז עוויג, עוויג אונד איין:
גוטעס און שעהנעס איז וואַרהייט אַליין.

יונגע מלאכים: אָהן אידעען דער שטאָף איז פון חאָאָס א וועלט.
אַלעס איז תהו ובהו:
פאָרמען פון חאָאָס שאַפט אינטעלעקט,
וואָס בעלעבט דעם שטאָף מיט אידעע.

אַלטע מלאכים: די וואַהרהייט איז עוויג, עוויג אונד איין:
גוטעס און שעהנעס איז וואַרהייט אַליין.

יונגע מלאכים: עס שטרעבען די פאָרמען אלס העכער אַרויף.
אויף דעם „נאַטירליכען" לייטער דאָס לעבען.
אינטעלעקט, אָדער ווילען, אָדער שאַפענדער גייסט?
דאָס איז צום ענטוויקלונג דאָס שטרעבען.

אַלטע מלאכים: די וואַהרהייט איז עוויג, עוויג אונד איין:
גוטעס און שעהנעס איז וואַהרהייט אַליין.

(עס הערט זיך א מעכטיגער קול שופר. א בעוועגונג.)

איין אַלטער מלאך: ער געהט! ער געהט, דער שאַפענדער גייסט דער עוויגקייט, דער אונשטערבליכער גייסט דער וואַהרהייט!

אלע מלאכים: היה, הוה ויהיה!

(אלע קניען, אויסער דער שטן.)

גאט (אונגעזעהען, מע הערט נאר זיין שטימע פון כסא הכבוד) עוויגקייט און הארמאניע אין די הימלען און אין אלע וועלטען, אין דעם אונבעגרייפליכען רוים און אין דער אונענדליכער ציים.

אלע מלאכים! היה, הוה ויהיה!

גאט: וואס איז נייעס? איז דער שטן דא צווישען די בני אלהים?

שטן: (טרעט צו, נייגט זיך) דא בין איך, אלטער הערר. (אפארט) מאנאטאן און לאנגווייליג ציהט זיך דא אין די הימלען די צייט, און נאר מיינע נייעס פון דער מענשען־וועלט מונטערן זיי דא א ביסעל אויף. די נארישע פערדארבענע מענשען זענען מקנא די געטער. נארען! עס גיעבט קיין גליק דארט, וואו עס איז ניטא קיין אונגליק, ניטא פרייד, וואו עס גיעבט קיין טרערען, ניטא קיין פערגניגען, וואו עס גיעבט קיין פערלאנג, ניטא קיין „פיהלען". וואו עס עקזיסטירען קיינע ליידענשאפטען, ניטא קיין צופריעדענהייט, וואו עס גיעבט קיין קאמפף, ניטא קיין נייעס, וואו עס גיעבט קיין אויפרעגונג! זיי וויסען דארט ניט, דאס איין אויגענ־בליק פון שוואכען מענשענס לעבען האט מעהר אינטערעס, ווי א גאנצע עוויגקייט פון א מעכטיגען גאט! און דאך... חע! חע! די געטער קענען זיין מענשען און ווילען ניט, די מענשען ווילען זיין געטער און קענען ניט.

גאט: שטן, פון וואנען קומסט דו יעצט?

שטן: איך האב געוואנדעלט איבער דער וועלט און געשפאצירט איבער איהר.

גאט: וואס גיעבט עס נייעס צווישען אדם׳ס קינדער, וועלכע מיר האבען בעשאפען אין אונזער געטליכען געשטאלט?

שטן: קיינע נייעס! זיי ווידערהאלען אימער איינע און די זעלבע דומהייטען.

גאט: ווי? קיינע נייעס צווישען די בעשעפעניסען, וועלכע שטרעבען איהר העכער און ווייטער? וועלכע בערוהיגען זיך ניט אויף איין אויגענ־בליק, וועלכע דענקען נאר פון נייע ערפינדונגען, פון ענטוויקלונג און פערבעסערונג?

שטן: זייער גייסט שטרעבט הויך און דאך זענען זיי זעהר טיעף פערזונקען אינ׳ם. שמוץ און קויט פון זייער מאטעריעלען לעבען, ערפונדען האבען זיי זעהר פיעל נייעס און וואלגערן זיך נאך אימער אין זייערע אלטע פון דער צייט פערפוילטע און פערשימעלטע איינריכטונגען. פון אויסוועניג האבען זיי זיך זעהר פיעל פערבעסערט און פערשענערט, און פון אינעווייניג זענען זיי נאך מעהר פערדארבען און פערקריפעלט;

אין דעם ניי=געבילדעטען מענשען זיצט דער אַלטער ווילדער אָדם.

**גאָט:** שטן, דער גייסט פון פערניינונג ביזט דו, דאַרום פערנייינסט דו דעם מענשענס גוטע אייגענשאַפטען. דונקעל ביזט דו און נאָר דונקעלעס זעהסט דו אַרום זיך. ווי?! טויזענדער יאָהר זענען פאָראיבער זינד אָדם האָט נעגעסען פון עץ הדעת און איך האָב איהם פאָרטגעיאָגט פון גן עדן, טויזענדער יאָהר געהט ער זייט דאַן אַלס פאָראוים און פאָראוים, און דו געפינסט איהם נאָך אימער אויף דעמזעלבען אָרט, נעבען די טויערען פון גן=עדן? אומזין!

**שטן:** אַלמעכטיגער הער, דער מענש איז ווירקליך זעהר ווייט פון די טויערן פון גן=עדן. ער זאָל שטיין אויף זיין אַלטען פלאַץ, וואָלט ער זיך געווים אומגעקעהרט צוריק. ווארום דאָס וואָס ער האָט געזוכט, האָט ער ניט געפונען און דיינע וועכטער, די צוויי כרובים, זענען פון דער צייט געוואָרען אַלט און שוואַך, און דער להט החרב המתהפכת — דער שאַרפער שווערד, וואָס דו האָסט זיי געגעבען איז געוואָרען פערראָסטעט און שטומפף, ניין! דער מענש האָט ווירקליך אַוועק געמאַרשירט ווייט פון די טויערן פון גן=עדן, אָבער וואָס קומט דערפון, אַז ער טראָגט מיט זיך זיין ווילדנעס? ער ציהט פון איין פלאַץ אויפ'ן אַנדערן און שלעפט מיט זיך זיינע אַלטע לומפען! ער האָט אָנגעזאַמעלט גרויסע רייכטימער און איז געבליעבען רויבער און בעטלער! ער האָט ערפונדען געניאַלע הילפס=ווערקע צו פערגרינגערן זיין לעבען און דענקט נאָר דערפון, ווי אַזוי דעם אַנדערענס לעבען שווערער צו מאַכען! ער האָט מעכטיגע מיטלען צו פער=ניכטען די הינדערניסע וועלכע די נאַטור שטעלט איהם, און ער בענוצט זיך אַם מייסטען מיט דיזע מיטלען נאָר צו פערניכטען זיינע מיט=מענשען! אַלטער הערר, אָדם'ס קינדער זענען ווי אַ מאָל צוטיילט אויף הבל'ס און קין'ס: די ערשטע ווערען אימער ערמאָרדעט, די צווייטע בלייבען עוויגע מערדערס! אינ'ם ניי=געבילדעטען מענשען זיצט דער אַלטער אָדם!

**גאָט:** דער ניי=געבילדעטער מענש, ווי איך זעה, געפעלט דיר ניט. די וואַרהייט געזאָגט, מיר אַליין איז אויך דער אַלטמאָדישער מענש פיעל סימפּאַטישער. זאָג מיר נאָר, האָסט געהערט, אָדער פיעלייכט אַליין באַגעגענט דאָרט אויף דער ערד מיין טרייען ליעבען קנעכט — הערשעלע דובראָוונער, זאָגאר פיר דעם גרעסטען גאָט דער געטטער איז אַ פרייד צו האָבען אַזאַ דיענער, און פערעהרער.

**שטן:** הערשעלע סת"ם? הערשעלע דובראָוונער? איך קען איהם. אַ יוד, אַ קינד פון דיין אַלטען געליעבטען פאָלק. חע! חע! חע! ער שרייבט דיינע הייליגע געזעצע אויף פעל פון קעלבער און פערדיענט אייניגע גראָשענס אין דיין הייליגען נאָמען.

גאָט: איז ער [illegible] מערקווירדיג פרום?

שטן: יאָ, ער איז פרום, ווייל ער איז דום אונד אונוויסענד.

גאָט: איז ער ניט איין זעלטענער גוטער מענש?

שטן: יאָ, ער איז גוט, ווייל יעדער קבצן איז א בעל צדקה.

גאָט: האָסט דו נאָך געזעהען, ווער עס זאָל זיין אזוי ריין אין זיין פאמיליען לעבען, ווי מיין יוד?

שטן: עס איז דערפאַר, ווייל זיין עלענדעס לעבען ערוויַיטערט פון איהם יעדען נסיון.

גאָט: איז ער ניט איין טרייער, אויפריכטיגער, איבערגעבענער פריינד?

שטן: עס איז דערפאַר, ווייל ער האָט ניט מיט וואָס צו טיילען זיך מיט זיי.

גאָט: שטן, שווייג! ער איז איין עהרליכער מאַן!

שטן: מענשען זענען עהרליך נאָר דאַן, ווען די עהרליכקייט קאָסט זיי ניט טייער, אָדער ווען די עהרליכקייט ברענגט זיי פראָפיט. ערלויב מיר, איך זאָל איהם נעמען אויספרובען, וועסט דו אליין זעהען, ווי מען קען זיך פערלאָזען זאָגאַר אויף דעם פיינסטען און בעסטען פון זיי.

גאָט: איך וויל עס זעהען.

שטן: גוט, אָבגעמאַכט, דיזע אויפגאַבע וועט מיר ניט זעהר שווער זיין.

גאָט: מיט וועלכע מיטלען דענקסט דו אויף איהם ווירקען?

שטן: דיין טרייען קנעכט איוב האָסט דו ערלויבט פרובען מיט צרות, א יעצטיגען יוד קען מען מיט צרות ניט פערשרעקען. דער געלערענטער דאָקטאָר פאַאוסט האָט מיר זיין זעלע פערקויפט פיר איין אויגענבליק פערגניגען. אזוי האַנדלען קען מען נאָר מיט א גוי: א יוד וועט פאַר פערגניגען טייער ניט בעצאָהלען. אלמעכטיגער הער, דו ערלויב מיר איהם פרובען מיט געלד, יאָ מיט געלד, מיט קלינגערס...

גאָט: דו גלויבסט: דאָס ביי דיזען גוטען, פרומען, ערנסטען, מיט אלע געדאַנקען אין מיין תורה פערטיעפטען יודען, וועט שפּיעלען א ראָלע אזא אונווירדיגע זאַך ווי געלד?

שטן: מענשען, וועלכע האָבען פרייהייט, רוהם, מאַכט, לאַנד,— אָפּפערן דאָס אלעס צוליעב געלד, א פשיטא שוין דער יוד, וואָס האָט אינ'ם געלד זיין איינציגע שטיצע, זיין א אנציגע בעפריעדיגונג פון זיין עהרגייץ? אָה, דו לאָז מיך נאָר צו מיט א זעקעל גאָלד צו איהם, וועסט דו זעהן, וואָס עס וועט ווערען פון זיין פרומקייט, גוטהייט, עהרליכקייט, פאמיליען-לעבען, פריינדשאַפט און אלע איבעריגע טוגענדען, מיט וועלכע דו שטאָלצירסט?

גאָט: געה און פּרוב!

שטן: אַלטער הערר, צווישען פֿיעלע האָסט דו איינעם נעהאַט און דעם האָסט דו שוין אויך פֿערלאָרען. איך ווייס, מען קען ביי אַ יודען קיינע מציאות האַנדלען און דאָך, וועט עס מיך ביליג קאָסטען. (רעכענט אויף די פֿינגער) פֿרומקייט? דאָס איז איינע אַלטע איינגעוואָרצעלטע געוואָהנהייט, פֿאַר איהר וועל איך מוזען גוט בעצאָהלען. גוטהייט? דיזע טוגענד האָבען זיי נאָר דאַן, ווען זיי האַלטען זיך ניט פֿיר קיין חכמים. ווי ער ווערט נאָר אַ חכם, אוים גוטהייט! חע! חע! פֿע! גוט איז נאָר אַ נאַרר! פֿאַמיליען־לעבען? דאָס איז נאָר אַ ליעגען פֿאַרדעקט מיט'ן פֿאַרטוך פון פֿרומקייט. דאָס איז אַ פֿאַרם פון שקלאַפֿעריי געשטיצט אויף געזעצע, זנות אונטער דער מאַסקע פֿון אַנשטענדיגקייט. ע! דיזע טוגענד קען מען ביי זיי קויפֿען אָהן אַ גראָשען געלד, מען דאַרף נאָר בעטען מיין שוועסטער קינד, דער יצר הרע, זאָל מיר אַ ביסעל אונטערהעלפֿען. עהרליכקייט? נו, אויב ער האָט פּרנסה פֿון עהרליכקייט, וועט מען איהם מוזען בעצאָהלען. אַלטער הערר, מיר וועלען האָבען שפּאַס. איך ווייס, דער שפּאַס פֿון די געטער קאָסט דעם מענשען געבאַך זעהר טייער, עס איז אָבער זיין אייגענע שולד, וויל דער מענש זיין אונטערוואָרפֿען (ווינקט אויפ'ן טראָהן), זאָל ער דולדען, ליידען און ערטראָגען! (אַ קול שופר).

גאָט: אייניגקייט און האַרמאָני אין די הימלען, אין אַלע וועלטען, אין דער אונבעגרייפֿליכען רוים, אין דער אונענדליכער צייט (פֿערשווינדעט).

אַלטע מלאכים: היה, הוה ויהיה!

כאָר יונגע מלאכים: שטאַרבען שטאַרבט אַלעס, וואָס עס איז און עס לעבט.

דאָס לעבען אַליין איז אונשטערבליך.

שטערבליך איז דאָס נאָר, וואָס עס וויל און עס שטרעבט.

דאָס שטרעבען און ווילען — אונשטערבליך.

אַלטע מלאכים: די וואַהרהייט איז עוויג, עוויג אונד איין:

גוטעס און שעהנעס איז וואַהרהייט אַליין.

פֿאָרהאַנג.

# ערשטער אקט.

(א גרויסע, אָרעמע צימער, צוויי פענסטער צום גאס, פערפרוירען; איין שויב אויסגעבראָכען און פערשטאָפּט מיט א שמאטע. אין מיטען שטוב א גרויסער ווייסער טיש, אויף וועלכען עס ליגען עטליכע יריעות (פערגאמענט) און א חומש, צוגעדעקט מיט אַן אַלטען פּרוכת. אויפ'ן טיש ברענט א לאָמפּ, שטעהט א גרויסער טינטער מיט עטליכע געגזענע פעדערן, און א זייט-נאך א טיש באדעקט מיט א ווייסען טיש-טוך, ביי דער טיהר אַן' אויבען. ביים וואנד נעבען טיהר ברענען פינף חנוכה-ליכטלאך. צווישען אויווען און דער וואנד שטעהט א בעט, פער-האנגען מיט א רויטען פאָרהאנג. אויפ'ן וואנד אין א שווארצען ועקעלע הענגט א פידעל).

פּעסעניו: (ביי וועלכער עס איז פערבונדען און מיט וואטע פער-וויקעלט איין באק, שיילט קארטאָפליעס ביים אויווען, אין וועלכען עס ברענט פייער. זי טראָגט אַן' אַלטען וואַרעמען בורנוס. לייזער און פריידעניו זיצען ביידע נעבען די חנוכה-ליכטלאך. ער רייסט פעדערן פון א גרויסען געגזענעם פליגעל און זי שערט זיי אַרום מיט א שעריל און שניצט אוים דריי-עקיגע שפּיצען. ציפּעניו האַלט איין פוס אויף א קליין בענקעלע און בינדט צו די פּאָדעשווע פון שוך מיט א שטיקעל אָקראַיקע).

פּעסעניו: נו, ציפּעלע, זאָלסט דו געזונד זיין, וואָס קלייבסט דו זיך אזוי?

ציפּעניו: שוין, מומעניו! איך בינד צו די פּאָדמיאָטקע צום שוך מיט א שטיקעל אָקראַיקע, אַז איך געה שלאָגט זיך אָן שניי און ביי יעדען טריט שיסט עס אוים: ליאַפּ! ליאַפּ! חאַ-חאַ-חאַ! דאָס איז, יאָ, אַז גאָט וויל, שיסט אפילו אַ פּאָדמיאָטקע. נו, וואָס זאָל איך זיי זאָגען?

פּעסעניו: וועסט זאָגען, אַז ר' חצקאל, דאָבע און מאָטעלע — אַלע זאָלען קומען באַלד אַהער. ביי אונז איז היינט א שמחה. אַי, מיינע ציין!

ציפּעניו: איך וועל זיי זאָגען: ביי אונז איז היינט א גרויסער באַל, חאַ! חאַ! חאַ!

לייזער: נעהמט זי און לאַכט זי! איין פרעהליכער קבצן איז בעסער פון צוויי אומעטיגע גבירים, חע, חע!

פּעסעניו: שטיפעריו, פּלאַפּלערען, זאָל זיין אַ באַל. זאָג זיי, ערשטענס, איז היינט די פינפטע ליכטעל. ביי לייטען עסט מען היינט

לאטקעס. מיר, אומשטיינס געזאגט, האבען ניט קיין געזונטע שמאלץ און קיין הרעטשענע מעהל, וועלען מיר מאכען אזוי א סעודה... הערינג צוהאקען און ... אי, מיינע ציין!

ציפעניו: איך ווייס. ווי דער זיידע זאגט צום גראם: א סעודה ווי א דודע, הערינג געהאקטע און קארטאפליעס געבאקט. (פערבינדעט דעם קאפ מיט אנ'אלטען ווארעמען שאל).

לייזער: און ווייטאג פון ציין מיט אביסעלע חריין. אי, ציפקע סתם, מאכסט א תל פון מיין גראם. שש! קום אהער, איך דארף דיר עפעס זאגען בסוד (זאגט איהר אין אויער) זאג זיי... שש!... עס איז דא א גאנצער גראפין ראזינקעס וויין, יין צמוקים!

ציפעניו: (ווינקט צו איהם און לאכט). אהא! משקה פון דער פליאשקע!

פעסעניו: הער־זשע, צוויטעגס, דער פעטער ענדיגט היינט אין א גוטע שעה די תורה, וועלכע ער שרייבט שוין זעקס חדשים. מיר האבען א סיום התורה. זאג זיי, דער פעטער האט געזאגט, זיי זאלען לשמען השם קומען. נא, ציפעלע, טהו אן מיין בורנוס, עס איז זעהר קאלט. (טהוט פון זיך אויס און ווארפט אויף איהר ארויף דעם בורנוס).

ציפעניו: אייער בורנוס איז פונקט אויף מיין מאס. חא־חא־חא! איך לויף! (אב).

פעסעניו: אי, מיינע ציין! מיר דאכט זיך, איך וועל זיך באלד אנהייבען דראפען אויף די ווענד. פריידעניו, וואס טהוסט דו דאס? דו ווייסט ניט, אז ביי חנוכה־ליכט טאר מען קיין ארבייט טהון? שווער לעבען, עס איז א גרויסע עברה.

לייזער: (מיט'ן ניגון פון אקדמות) האב ניט מורא, עס איז ניט קיין עברה, עס איז פעדערן צו שרייבען א תורה.

פריידעניו: יא, מומעניו, דאס איז א היילינע ארבייט, איהר וועט פרעגען דעם פעטער. עס איז נאך א מצוה. גאט'ס תורה און גאט'ס ליכט איז איינע און די זעלבע זאך.

פעסעניו: אי, מיינע ציינהן. אזא ביטערע קעלט, ציפעניו זאל זיך חלילה ניט פערקיהלען. איך ווייס, איך האב די ציין פערקיהלט, ווייל עס בלאזט דא פון פענסטער. אי, רבש"ע! עס זאל זיך חאטש מאכען נאך וועמען צו שרייבען א ספר. מען דארף אזוי נויטיג געלד. ציפעניו איז אבגעריסען, אבגעשליסען — איהר האטביידע קיינע מלבושים'לעך... דו ביסט דאך שוין א מויד, קיין עין־הרע... מען וואלט דיר געדארפט מאכען א גייע פלאטיע און... און... איך ווייס, אפשר' וועסט דו גיך אין א גוטע שעה ווערען א כלה.

לייזער: אי, איך ווייס. שש! גיב אהער דעם אויער, (זאגט איהר אויפ'ן אויער) דער גנב מאטעלע איז ארויסגעוואקסען פון דער קאפאטעלע.

פריידעניו: איך וויל זיך ניט מאכען ניט-וויסענדיג. איך פערשטעה: ר' חצקאל וויל, אז ביי מיר מיט זיין מאטעלע זאל זיין א שידוך? אי איך וואלט ניט געוואלט שוין נעהמען אויף מיין קאפ אזא שווערען יאך, נאר אויב דער פעטער וועט זאגען, אז איך דארף א כלה ווערען, וועל איך געוויס פאלגען. אבער קליידער איז א נארישקייט. איך וויל זאגען: עס איז זעהר א גרויסע עולה, וואס מען מאכט פאר אידישע טעכטער אזוי פיעל קליידער, ווען זיי ווערען כלות. איך מיין, אז טייערע שעהנע קליידער איז א איבריגע זאך. פון קעלט דארף מען ווארעמע קליידער און פון מיאוסקייט וועלען שעהנע קליידער ניט העלפען.

פעסעניו: ביזט גערעכט: שעהנע קליידער האט אויסגעטראכט דער יצר-הרע.

לייזער: מען זאגט יאקבי, אז דער ערשטער זשענסקער שניידער איז געווען דער ניט דא געדאכט אליין.

פעסעניו: אי, שווער לעבען, נאך וואס דארפט איהר איהם דער-מאנען דא אין שטוב און נאך ביי נאכט? געוואלד מיינע ציין. אנ'אלטער מאן זאל ניט וויסען עפעס א תרופה צו ציין-ווייטאג. אי! הפנים אייך הארט ניט?

פריידעניו: מומעניו, מיט גראם קען מען ניט אבשפרעכען קיין ציין-ווייטאג; איך מיין, פארקעהרט, מען קען פון גראם ציין-ווייטאג קרי-גען. ווער רעדט נאך פונ'ם זיידען'ס גראם...

לייזער: שש... איך קען דיר זאגען בסוד: איך האב זעהר א גוטע תריפה... דו זאגסט, מיך הארט ניט? וועסט באלד זעהן, (געהט און נעהמט פון ווינקעלע א בעזעם) דו, שנור לעבען, נעהם דעם בעזעם, לעג איהם אנידער מיט איין עק אויפ'ן שועל, נעהם זיך מיט דער לינקער האנד פאר דער געשוואלענער באק, וואס קוקסט דו? טהו ווי איך הייס דיר (זי טהוט אלעס, וואס ער זאגט) איצט טרעט אריבער איבער'ן בעזעם דריי מאל אהין און אהער, און ביי יעדען מאל שפיי אב און זאג. טפוי, מיך הארט ניט! טפוי, מיך הארט ניט! טפוי, מיך הארט ניט!

פעסעניו: (שפאנט איבער'ן בעזעם) טפוי, מיך הארט ניט! טפוי, מיך הארט ניט! טפוי, מיך הארט ניט!

לייזער: נו, שוטה, אז דיך הארט ניט, פאר וואס זאל דאס מיך הארען?

פעסעניו: (בייז) נא, וואס דעם שווער קען איינפאלען! (גיט א קוק אויפ'ן בעזעם און לאכט שטיל) חא-חא-חא!

פריידעניו: זיידע, הפנים דער וואס איז אמאל געווען [illegible] בלייבט א ברחן ביז'ן טוידט.

לייזער: (זינגט) יא, פריידעניו, א ברחן בלייבט אייביג א ברחן, א גנב בלייבט ביז'ן טוידט א לאדחען און אפילו נאכ'ן טוידט ווינקט א מיידעל צו א שרכן. (א געוויש. פריידע לעגט דאס שעריל אפענערהייד אויף דעם טיש).

פעסעניו: שא! ווער געהט עס? (ציפעניו לויפט אריין א פערפראָרענע).

ציפעניו: זיי געהן שוין. (טאנצט פון קעלט) אי, א קעלט! ווידעניו, איך האב זיי געזאגט אייער סוד: גראם, שטראם, מאך מיר א לעטניק... אי! דער פראסט האט מיך געשציפעט ביי די אויערען און ביי דער נאז. (פעסע העלפט איהר אויסטהון זיך). אי! וואס האב איך געהערט ביי ר' חצקאל'ן? מומע, עס איז טאקע אנ'אמת? ע! דאבע האט מיר געזאגט, אז עס קען זיין, אז ביי פריידעניו מיט מאטעלען וועט חתונה זיין... אי! אי! גנב! גנב! (ווארפט זיך קושען פריידען) א קבלת קנין, [illegible] (קושט) קבלת קנין? קבלת קנין? (קושט).

פריידעניו: אי! לאז מיך אב... זעה נאר, וואס איז מיט דיר אזוי די שמחה?

ציפעניו: איך וועל זיין א מחותנ'סטע, איך וועל טאנצען, איך וועל עסען לעקאך, איך וועל זיך בלאזען מיט אלע מחותנים צו=גלייך חא=חא=חא!

לייזער: (מיט א ניגון) און איך מן הסתם, וועל זאגען גראם: ווייך שיינע כלה, ווייגט ווייבעלעך אלע... (א געוויש) אי! מען געהט שוין. נערשרעקט זיך, זעצט זיך אנידער און בלייבט שטיל).

פעסעניו: דאס איז אונזערע. (עפענט די טהיר) קומט אריין, קומט אריין! געסט, ברוך הבא. (חצקאל, דאבע און מאטעלע אריין, אלע אין ווינטערדיגע קליידער).

. אלע: גוטען אבענד! גוטען אבענד! (טהוען זיך אויס).

דאבע: (קוקט זיך שטארק צו) וואס מאכסט דו, פריידעניו? (קושט זי) קיין עין=הרע, קיין בייזע אויג (שפייט אב דריי מאל), שיינסט, ווי א גוט אויסגעבאקענער, געראטענער פורים=קוילעטש. (קוקט זיך צו) אי! גאט איז מיט אייך, ווער האט עס געלאזען אפען די שעריל? א שעריל, חלילה, טאר מען ניט לאזען אפען. (מאכט צו דאס שעריל).

פעסעניו: זיצט, זיצט, ר' חצקאל, זיצט... דאבע, לאזט זיך ניט בעטען. (אלע זעצען זיך).

ציפעניו: זיץ, מאטעלע. (גיט איהם א בענקעל) אי, ער שעמט זיך, דער גנב (מאטעלע זעצט זיך).

**מאטעלע:** אז איהר וועט זאגען, אז איך שעם זיך, וועל איך זיך נאך מעהר שעמען. שווייגט בעסער.

**חצקאל:** נו, וואס מאכט איהר, ר' לייזער? ווי געהען אייערע געשעפטען? אייערע שיפען אויפ'ן ים זענען ניט דערטרונקען געווארען, אייערע מויערען ניט פערברענט געווארען, אייערע פאדריאדען ניט קאליע געווארען?

**לייזער:** (שטיל) חלילה, ר' חצקאל, ביי מיר איז קיין זאך ניט דערטרונקען געווארען, און ניט קאליע געווארען.

**חצקאל:** נו, וואו איז דאס עפעס אונזער ר' הערשעלע דוברוונער? אונזער בראווער פרומאק, אונזער גרויסער למדן, אונזער זיידענער ייד? (קוקט זיך ארום) כל זמן ער איז ניטא, נעם איך אויסרויכערען א ליולקע, — ער האט עס פיינט, (פערויכערט), נא! ניט רויכערען, ניט שמעקען, ניט טרינקען, כמעט גאר ניט קיין בשר ודם. נו, וואו איז ער?

**לייזער:** איהר ווייסט דאך, ווען ביים שרייבען די תורה קומט דאס ווארט „אד'שם", געהט ער פריהער אין מקוה, ניט פאר אייך געדאכט.

**פעסעניו:** שווער לעבען, איהר קענט דאך זאגען! ער [illegible] אין וואסער.

**לייזער:** דו ווילסט ניט אין מקוה, זאל זיין אין וואסער, אבי ער קומט פון דארט א נאסער (הייבט אויף ביים טיש דעם פרוכת) איהר זעהט ער האלט ביים לעצטען פסוק. ער דארף אנשרייבען דעם לעצטען „אדושם", איז ער זיך געגאנגען טובל זיין.

**חצקאל:** איצט אין אזא קעלט טובל זיין זיך? עס דארף זיין א מאכל, ר' לייזער, איך מיין, היינטיגע צייטען איז ניטא א סך אזעלכע כשר'ע אידען, ווי אייער הערשעלע איז. (זיי ריידען שטיל. דאבע און פעסעניו ריידען שטיל).

**ציפעניו:** מאטעלע, וואס שווייגט איהר? זאגט עפעס!

**מאטעלע:** איך ווייס ניט וואס צו זאגען, איך בין ניט קיין בעל דרשן.

**פריידעניו:** וואס מיינסטו, מען מוז רעדען? אמאל אז מען שווייגט, איז א סך גלייכער. מיר דאכט זיך אז אפט זאגען מענשען ליגענס און רעדען נארישקייטען ווייל זיי ווילען ריידען אין דער צייט, ווען זיי האבען ניט וואס צו זאגען...

**ציפעניו:** איא, ניט מיך מיינסט דו?...

**פריידעניו:** האט מען וואס צו זאגען, דארף מען רעדען, און אז ניט — דארף מען שווייגען.

**ציפעניו:** מיט מיר פריהער האט ער געהאט וואס צו רעדען און פאר דיר האט ער מורא.

**פּאָטעלע:** וואָס זאָל איך מורא האָבען? פרײדע איז ניט קיין כּער, און איך בין ניט קיין שרעקעדיגער.

**דאָבע:** (צו פּעסי׳ן) און איהר, ניט אין מײַן מאָס געדאַכט, האָט ווידער צײַן=ווײטאָג? איך פאָלגט מיך, נעהמט באַבולע קאַפּיער, צו=שטעלט מיט אַ גאָפּעל ווי אַ מגן=דוד און...

**חצקאל:** (קוקט אויפ׳ן וואַנד) און דאָס איז אונזער הערשעלע׳ס פידעלע? שפּיעלט ער נאָך אַמאָל?

**פרײדעניו:** אַך, זעהר זעלטען, ר׳ חצקאל, אַמאָל שבת=צו=נאַכט אָדער מוצאי יום=טוב.

**ציפּעניו:** אַה, איהר האָט איהר דערמאָהנט! איך ווערט דאָך פערצאַפּעלט, ווען דער פעטער שפּיעלט.

**פרײדעניו:** יאָ. ווען דער פעטער שפּיעלט, דוכט זיך מיר אויס אין שטוב ווערט ליכטיגער און פרײליכער. אַלעס אַרום אונז ווערט גאָר אַנדערש, און די פידעלע רעדט און וויינט, מיר ווײַזט זיך אויס, זי דערצעהלט וואָס די יודען האָבען געליטען אין גלות, און וואָס עס וועט זײַן אַמאָל, שפּעטער, אין משיח׳ס צײַטען.

**פּעסעניו:** זי שטאַרבט נאָך׳ן פידעל. זי וואָלט ניט געגעסען, ניט געטרונקען, ניט געשלאָפען, אַבי שפּיעל איהר.

**ציפּעניו:** איהר ווייסט, זי זינגט דעם פּאַטעס מזמור לדוד פּונקט אַקוראַט ווי דאָס פידעלע שפּיעלט!

**חצקאל:** יאָ, גאָט האָט איהם בעשײַנקט מיט אַלע מעלות. מיר זענען אויסגעוואַקסען אין אײנעם, אין חדר געווען חברים — זעהט איהר דאָך! איך בין ניט מעהר, ווי אַ בעל מלאכה, אַ וועבער, און ער איז אַ למדן, אַנ׳אײדעלער מענש... דאַכט זיך פערקעהרט, מײַן טאַטע איז געווען דער ערשטער גמרא=מלמד אין דובראָוונע און זײַן טאַטע...

**לײזער:** זײַן טאַטע איז געווען און געבליעבען לײזער בדחן! נו, יאָ, נו, איך האָב געוואָלט מאַכען פון איהם אַ כּלי=זמר און ער שרײַבט גאָר ספר תורות. (מיט אַ ניגון) עס מאַכט זיך דער טאַטע לעגט אויף אַ שטיוועל אַ לאַטע און זײַנע ליעבע בנים זענען גוטע יונים.

**פּעסעניו:** שווער לעבען.

**ער:** (ערשראָקען) אַי! איך... איך... ר׳ חצקאל, איך האָב איך עפּעס צו זאָגען... שש! (זאָגט אין אויער) זי... זי זינגט דעם „מזמור לדוד" פּונקט ווי ער שפּיעלט.

**חצקאל:** אפשר, פרײדעניו, אײדער דער פעטער וועט קומען, וואָלסט דו אונז אַביסעל געזונגען? עס איז חנוכה הײַנט, און פאַר וואָס קען זיך מיר ניט אַביסעל משמח זײַן. וואָס זאָגסט דו, מאָטעל גנב?

מאַטעלע: איך זאָג, אַז מען קען שפּיעלען, נעהמט מען און מען שפּיעלט (ניסט).

דאָבע: אַ שנות חיים טובים... מאַטעלע גיב זיך אַ ציה בײַם אויער.

פרײַדעניו: נײַן, ר' חצקאל, איך קען ניט; די פעטער זאָגט, אַ פרוי דאַרף ניט זינגען, ווען מאַנסבילען זענען אין שטוב.

חצקאל: אַ פרוי? דו ביזט אַ פרוי! ווײַס איך! אַ מײדיל, אַ קינד, ע, ניש'קשה. מעגסט זינגען, אַזוי פּסק'ען איך דעם דין. איאַ, ריבלטע, געפּסק'ענט?

פעסעניו: זינג, נאַרר, הערשעלע וועט נאָך ניט באַלד קומען.

מאַטעלע: איך וואָלט זיך קײנמאָל ניט געלאָזט בעטען. (אַלע: זינג! זינג!)

חצקאל: איך בין אַ פראָסטער מענש; אָבער נאָך מײַן שכל נאָך איז זינגען קײן מאָל קײן עבירה ניט, אַלואי זאָל זיך נאָר זינגען, אַ נו, פרײַדעניו, נאָמיר הערען. (זינגט) זאָגט אַ מײדעלע: מזמור לדוד...

פרײַדעניו: (פאַנגט אָן, שעמענדיג) מזמור לדוד... אוי, איך קען ניט.

ציפּעניו: זעה נאָר ווי זי ברעקעלט זיך. (אַלע: נו, שוין! נו שוין אַמאָהל)!

פרײַדעניו: (זינגט: מזמור לדוד ה' רועי לא אחסר. אַלע הערען אויפמערקזאַם. צום סוף העלפען אַלע מאַנסבילן אונטער).

ציפּעניו: אוי! געוואַלד, גזלנים! דער פעטער געהט! (אַ בעוועגונג. הערשעלע קומט אַרײַן אין אַנ'אַלטען פעלץ. חצקאל געהט אַנטקעגען).

הערשעלע (מאַכט מיט די הענד און מיט'ן קאָפּ, מען זאָל איהם ניט טשעפּען. וואַשט די הענד, זעצט זיך צום טיש, קושט דעם חומש און שרײַבט).

פעסעניו: שש! ער שרײַבט דעם לעצטען פּסוק. אַלע בלײַבען שטיל, הערשעלע שרײַבט).

לײזער (חצקאל'ן אויפ'ן אויער): איהר ווײסט? שש... ער שרײַבט דעם לעצטען פּסוק.

הערשעלע: (כאַפּט זיך אויף מיט פרײד) נשלמו חמשה חומשי תורה, תהלה לאל גדול ונורא, חזק!

לײזער און חצקאל: חזק, חזק ונתחזק! (אַלע ברומען מיט).

הערשעלע: גוטען אָבענד אַלע, וואָס מאַכסט דו, ר' חצקאל? נאַ דיר מײַן ברײטען שלום עליכם. (גיט איהם און מאַטלען די האַנד). אַז מען זעהט זיך געזונטערהײד, דאַרף מען שוין דאַנקען און לויבען גאָט ב"ה. קינדערלאַך. איך וועל אײַך געבען חנוכה-געלד. חע-חע! עס איז ניטאָ בײַ אונז קײן קלענערע קינדער, זענען זײַ די קלײניטשקע. דיר

פריידעניו, פינף איינציגע קאָפּקעלעך און דיר, ציפּעניו, דריי קאָפּקעס, און מאָטעלע, דו האָב קיין פּאַראיבעל ניט, איך... (וויל אין די קע-שענעס) אויף מיין וואָרט, איך האָב מעהר ניט אַ גראָשען...

פּעסעניו: הערשעניו, לעבען, דו האָסט דאָך ערשט געהאַט אַ גילדען?

הערשעלע: איך האָב געהענדיג פון מרחץ בעגעגענט... נע-באָך... וואָס דאַרף מען דערצעהלען?—איך האָב ניט מעהר אַ פּרוטה... מאָטעלע וועט מיר מוחל-זיין...

חצקאל: וואָס מיינסטו, ר׳ הערשעלע, ביי מאָטלען איז אַ קאָפּיקע אַ מטבע? ער וועבט טלית קטנ׳ס ווי אַ מאַלאַדיעץ און פער-דיענט שוין פון 8 ביז 12 קערבלעך אַ חדש...

דאָבע: קיין עין הרע. קיין ביז אויג... קיין קליפּע, קיין שליטה! (שפּייט דריי מאָל).

מאָטעלע: איך האָב געוואוסט, אַז מען האַלט דאָ די מייד-לעך פאַר קליינע קינדער, האָב איך געבראַכט אַ דריידיל. איהר זעהט, אַ גאַנצע מאַשינע. (ווייזט אַ גרויסען דריידעל).

ציפּעניו: אָ, לאָמיר טאַקי שפּיעלען אין דריידיל. טרר! (גיט אַ דרעה) „ג“, „נ“, „ש“, „ה“... איך ווייס, דאָס מאַכט: נס גדול היה שם... „נון“ געווינט ניט, „שין“ געווינט ניט. „ה“ געווינט, „גימל“ גע-ווינט... אַיאָ, איך געדענק?

הערשעלע: יאָ, קינדערלאַך, אַ גרויסער נס איז געשעהן דע-מאָלט... און נאָר דורך נסים ונפלאות לעבען מיר אויף דער וועלט. געלויבט איז גאָט און געלויבט איז זיין נאָמען.

דאָבע: מען זאָגט, ווען אין די יודישע הייזער ברענען חנוכה-ליכטלעך, בעהאַלטען זיך אַלע קליפּות אין די גוי׳עשע שטיבער.

פּעסעניו: עס איז אַ קלייניגקייט חנוכה? אַי! מיינע ציין!...

לייזער: חנוכה איז אַ יום-טוב אַ שעהנער, מען שטאָפּט-אָן מיט לאַטקעס די ציינער און מען נעהמט זיך שפּילען אין דריידיל (אַ קוק אויפ׳ן זוהן און ערשרעקט זיך) ע, ר׳ חצקאל, איך האָב אייך גע-וואָלט פרעגען: שש! ווייסט איהר ניט, ווען עס איז דער מולד?

ציפּעניו: פריידעניו, זעץ זיך נעהנטער; ר׳ מאָטעל, דו האָסט קאָפּקעס? מיר וועלען שפּיעלען...

מאָטעלע: ביי מיר איז אַלץ זעהר גרויס געלד... צוויי פּי-טאַקלעך און אַ גריוונקע...

פריידעניו: איך וועל ניט שפּילען... איך האָב ליעב צו הע-רען פון וואָס דער פעטער רעדט

הערשעלע: שפּיעלט, קינדערלעך, מאַכט אייך לוסטיג, בּיי אונז אַלע איז היינט יום-טוב און בּיי אייך, קינדער, אויב עס איז באַשערט פון גאָט, ב"ה, וועט אפשר היינט זיין אַ יום-טוב שביום-טוב...

חצקאל: דער גנב מאָטעל מאַכט זיך ניט הערענדיג... חע-חע-חע!

הערשעלע: איך האָבּ נאָר יסורים וואָס פּעסעניו קאָן זיך ינט משמח-זיין מיט אונז אַלע גלייך. זי האָט נעבאַך צייהן-וועטאָג... וואָלסטו אפשר געפרעגט אַ מומחה?

דאָבּע: אָי, יהושע משה דער מלמד איז זעהר אַ גרויסער מומחה... פּאַר צוויי קאָפּקעס שרייבּט ער אָבּ צייהן-ווייטאָג אויף אַ'נ-איי און קדחת אויף דריי מאַנדלען...

הערשלע: זיי-זשע מוחל, פּעסעניו, גיבּ עפּיס כּבוד די געסט און איך וועל מיט ר' חצקאל'ן איבּעררייידען. (געזעהן אָבּ אַ זייט און רעדען) טאַטע, זיי-זשע מוחל, זיי זיך מטריח אַהער. ר' חצקאל, איך מיין, עס איז אַנ'אום-כּבוד מיר זאָלען זיך דאָ סוד'ען אָהן איהם... עס פּאַסט גלאַט ניט, ווען אַנ'עלטערער מענש איז אין שטוב (לייזער געהט צו זיי).

חצקאל: כּבוד-אָב איז טאַקי אַגרויסע זאַך... אָבּער האָבּ קיין פּאַראיבּעל ניט, איך בּין אַ פּראָסטער שלש סעודות און גאָך מיין שכל נאָך: אַ מצוה איז גוט, ווען מען זאַלצט זי ניט איבּער.

ציפּעניו: פריידעניו, דו ווייסט וואָס זיי ריידען? ע! גנב!.. אַזש בּיי מיר האָט אָנגעהויבּען קלאַפּען דער דופּק... מאָטעל שטעלט אין קאָן אַ קאָפּיקע... (זיי שפּיעלען).

מאָטעלע: איך וועל בּיי אייך בּאַלד אַלץ אָבּגעווינען.

פריידעניו: יאָ! איך געווין קיינמאָל ניט... שטענדיג פּערשפּיעל איך. (פּעסי שטעלט אויפ'ן טיש אַ גראַפין ויין און גלעזלעך).

פּעסעניו: אפשר וועלען די מאַנסביל'ען דערווייל מאַכען אַבּרכה?

דאָבּע (קוקט זיך צו צו די גלעזלעך) אָי! גאָט איז מיט אייך! וואָס הייסט, איהר שטעלט אויפ'ן טיש אַ שצערבּאַטע גלעזעל? אַז מען טרינקט פון אַ גלעזעל מיט אַ פּגימה, חלילה, קאָן די קליפּע, ניט-דאָגעדאַכט, ניט אין קיין יודישע שטוב געדאַכט, האָבּען די שליטה.

פּעסעניו: וואָס רעדט איהר? און איך האָבּ ניט געוואוסט! (נעהמט צו די גלעזעל) יודען, נו? הערשעניו, אפשר צוליעבּ חנופּה?

הערשעלע: יאָ, יאָ, זיי וועלען נעהמען צו בּיסלעך ויין. דער טאַטע זאָל געזונד זיין, און דו, ר' חצקאל... אויף מיר האָבּ קיין פּאַראיבּעל ניט... איך בּין אַליין אויף זיך אַ מקפּיד... עס איז ניט, חלילה, ווייל איך וויל זיך אויספּיינען געגען אַנדערע, עס איז דערפאַר, ווייל איך מיין: כּל-זמן דער יוד איז אין גלות, מעג ער טרינקען אַבּיסעלע נאָר

צו קדוש און הבדלה. ווי זאָגסט דו, ר' חצקאל, איך זאָלץ אפשר איבער אביסעל, אָבער דאָס איז קיין חסרון ניט. זײַ־זשע מוחל, טאַטע... (פיהרט איהם צום טיש).

חצקאל: איך בין אַ פּראָסטער מענש, אָבער נאָך מײַן שכל: אז עס מאַכט זיך שוין יאָ בײַ יודען ווען עס איז אַ שמחה, פאַר וואָס זאָל ער ניט אַ הופּ טהון און פאַרגעסען האָטש אויף אַ ווײַלע זײַנע צרות מיט זײַן גלות? פאַר וואָס זאָל דעם גוי אָנקומען אין גאַנצען? אַ יוד דאַרף, חלילה, ניט זײַן קיין שכור, אָבער אַמאָל נעהמען אַביסעל און מאַכען פריילעך דעם קבצן,— פאַר וואָס ניט?

לייזער: (גיסט זיך אָן אַ גלאָז ווײַן, ווערט לעבעדיג) איז ער געגאַנגען צו דערלאַנגען אַביסעל משקה פון דער פלאַשקע. (גיט אַ קוק אויף'ן זוהן און דערשרעקט זיך) ע! איך מײַן, לחיים, זאָל גאָט געבען מיט מזל. (מאַכט אַ ברכה און טרינקט זשאַדנע).

חצקאל: (נעהמט אַ גלאָז) פון אונזער קינדהייט אָן זענען מיר געווען חברים, גוטע פרײַנד, און איצט אויב גאָט וועט העלפען, וועלען מיר נאָך אפשר גיך ווערען קרובים אויך, לחיים! (טרינקט) וואָס־זשע, ר' הערשעלע, מיר וועלען טרינקען, און דו?

הערשעלע: און איך? פרײַדעניו וועט אפשר הײַנט אין אַ גוטע שעה ווערען אַ... אַ מיוחסת. איך וועל צוליעב איהר... איך מײַן, צוליעב אײַך אַלע, שפּיעלען אַביסעלע. (געהט נעמען דאָס פידעלע).

פרײַדעניו: (לויפט צום פידעלע) אָי! דער פעטער וועט שפּיעלען! דער פעטער וועט שפּיעלען! (נעהמט פון וואַנד דאָס פידעלע) דער פעטער איז אַ גוטע־זשקער... מיר ציטטערן אזש די הענד... אײַאַ מומעניו, איך בין אזש רויט געוואָרען? (נעמט אַרויס דאָס פידעלע פון זעקיל מיט צערטליכקײַט) אַזוי, איז דאָ אַלס וואָכעדיג, פּראָסט, און אז דער פעטער שפּיעלט, איז גלײַך ווי עס קומט עפּעס פון אַנ'אַנדער וועלט... איך האָב מורא, דער פעטער וועט לאַכען פון מיר, אָבער איך מײַן, אַז די ערשטע פידעלע איז געקומען צו דעם מענשען דורך דעם, וואָס אַ מלאך האָט זי פערלאָרען און זי איז אַראָפּגעפאַלען פון די הימלען. (גיט הערשעלען דאָס פידעלע).

הערשעלע: יאָ, פרײַדעניו, אַלעס קומט פון'ם הימעל. גאָט גיט דעם מענשען צרות און גיט איהם מיט וואָס צו טרויסטען זיך... ער גיט אַ שטימע צו לויבען גאָט און צו זינגען... פון זײַן פערגניגען וועגען. ער גיט כלי זמר צו פרײַזען דעם גרויסען בורא העולמים און צו האָבען אַלײַן אויך הנאה. (לייזער טרעפט אַ צײַט ווען דער זוהן קוקט ניט און טרינקט אוים נאָך אַ גלאָז. הערשעלע טאָנט דאָס פידעלע, שמירט דעם

זינגען מיט קאניפאל און אין דער צייט רעדט ער פערטראכט) א שעהנע תפלה איז מזמור לדוד ה׳ רועי לא אחסר. ווען גאט איז מיין פאסטוך, וואס קען מיר פעהלען? אויף גרינע גראז, אויף שטילע וואסערען וועט ער מיך לאזען רוהען, ער וועט דערקוויקען מיין זעעלע דערמיט, וואס ער פיהרט מיך אויף די וועגען פון גערעכטיגקייט... גם כי אלך בגיא צלמות, איך זאל אפילו געהן אין דעם טהאל פון דעם שטן׳ס טויט, האב איך קיין מורא ניט.

דאבע: ניט דא געדאכט, ניט ביי נאכט דערמאנענדיג.

הערשעלע: (פערטראכט) האב איך קיין מורא ניט, ווארום ער, מיין גאט, איזט מיט מיר! יא, ער, מיין גאט איז מיט מיר... (שפיעלט. אלע הערען אויפמערקזאם, בעזאנדערס פריידעניו. אימיצער קלאפט אין פענסטער).

פעסעניו: שא! דאכט זיך עמיצער קלאפט (אלע הערען זיך צו. עס הערט זיך א שטימע).

דאבע: אי, מיר ווייזט זיך אוים, איך הער, א הונד וואויעט. מען וואלט געדארפט איבערקעהרען א שקראב...

ציפעניו: מיין שקראב איז צוגעבונדען מיט א קראיקע. (לויפט צום טהיר) ווער איז דארט? (מזיק עפענט די טהיר, טראגט א שעהנעם פעלץ, יעווראפעאישע קליידער).

מזיק: האט קיין פאראיבעל ניט, וואהנען דא יודען?

ציפעניו: איהר זעהט דאך, אז ניט קיין טערקען. קומט אריין, און מאכט צו די טהיר, זייט מוחל...

מזיק (פארטשעפעט זיך פאר׳ן שוועל) פוי! צום שווארץ יאהר צום טייוועל!! שיער ניט געפאלען.

דאבע: אי! ניט דא געדאכט! ניט אין קיין שטוב געדאכט!

פעסעניו: ר׳ יוד, ביי אונז אין שטוב דערמאנען מיר ניט זיין נאמען. מען הערט דא קיין קללה, קיין שעלטען, חלילה.

מזיק: האט קיין פאראיבעל ניט, גוטען אבענד. קודם כל וועל איך אייך אהן הקדמות דערצעהלען, ווער איך בין און ווי איך קום אהער. איך בין אליין פון ארשע... איך האנדעל מיט לאטערעי צעטלעך...

אלע: וואס איז דאס?

מזיק: געווינס=צעטלעך. מען ציהט א נומער און מען געווינט געלד. דורך אזא צעטעל איז זעהר גרינג צו ווערען א גביר... עס איז איצט חנוכה=צייט בין איך אויף א פאר טעג געקומען צו אייך אין דובראוונע. איך וויים, ביי נאכט זיצען איצט אין יעדע יודישע שטוב מענשען, געה איך אום און לעג פאר מיינע צעטלען. איך האב ברוינשווייגער, לייפציגער, ווארשעווער, (נעהמט ארוים פון בוזאשניק

לאָטעריע צעטלען). איהר הערט? מען קען מיט איין מאָל געווינען 50 טויזענר און מען ווערט פּלוצלינג אַנ׳ עושר.

פּעסעניו: וויפּיעל? אי! מיינע ציין!

מוזיק: פופציג טויזענד רובל!

פּעסעניו: דו הערסט, הערשעלע?

דאָבע: דו הערסט, חצקאל!

הערשעלע: מיך פערדריסט זעהר, וואָס איהר האָט זיך אומזיסט מטריח געווען, דאָך, אז איהר זייט שוין דאָ, ווארעמט זיך אָן. מיר טרייבען חלילה, קיין מענשען פון שטוב. שלום עליכם. (גיט איהם די האנד) זיצט, מה שמיכם?

מוזיק: (זעצט זיך) מיין נאָמען איז אוריאל מוזיק.

דאָבע: מוזיק גאָר? ניט דאָ געדאַכט.

ציפּעניו: (שטיל) מאַטעל, דו הערסט אַ נאָמען? ... (גיט איהם אַ קניפּ) מוזיק! חאַ-חאַ! (זיי שפּיעלען און לאַכען). מוזיק! חאַ-חאַ! (זיי שפּיעלען און לאַכען).

חצקאל: מענשען מאַכען זיך אַ געשעפט, האנדלען מיט דאָס, וואָס עס וועט זיך אַמאָל טרעפען. נאָך מיין שכל נאָך, פערקויפסט דו עטוואָס? וויז מיר שוין די סחורה אויף דער פּאָליצע.

מוזיק: (צייגט אַ לאָטעריע צעטעל) דאָס איז די סחורה. עס איז אַ פּאַפּיערעל? פּאַפּיערענע געלד איז אויך ניט קיין סחורה, פון דעסטוועגען איז דאָס רייכקייט. אין די גרעסטע באנק-געשעפטען, אויף די בירזען זעהט מען אויך קיינע סחורות און נאָר דורך פּאַפּירלעך ווערען איבערגעגעבען פון איין האנד אין די אנדערע מיליאָנען, מיליארדען! אמת, דאָס צעטעל איז קיין געלד, אָבער שטעלט אייך פאָר, פאַר אַ פּאָר רובל קויפט איהר אַ מעגליכקייט צו געווינען דאָס גרויסע געוואינס, און איהר קריעגט טויזענד מעגליכקייטען צו געווינען לכל הפּחות אַזוי פיעל, אַז דאָס שפּיעלען זאָל אייך גאָר נישט קאָסטען. איך לאָז אייך איבער אַזאַ צעטעל און נעהם ביי אייך איצט קיין גראָשען געלד. איהר הערט? פאַר גאָר נישט קריעגט איהר פון מיר אַ האָפנונג אין קעשעניע, אַז אין אַ קורצע צייט ארום, ווערט איהר אַנ׳עושר. דאָס אנשטאַט צו לעבען אין אַנ׳ענגע, פינסטערע, קאַלטע שטוב, מיט אויסגעשלאָגענע פענסטער און צובראָכענע בענקלעך, וועט איהר לעבען אין אַ שיינע, וואַרעמע, ליכטיגע דירה מיט גרויסע חדרים, מיט שיינע מעבעל, מיט טייערע קאָוויאָרען אויפ׳ן פּאָל. אַזאַ האָפנונג נאָר צו האָבען איז דאָך שוין עפּעס ווערטה... אָהן אַזאַ צעטעל קאָנט איהר דאָך אפילו ניט האָפען, ווען עס איז פון זיך אראָפּוואַרפען דעם קבצן.

**הערשעלע:** ליבער פריינד, איך נעם האפנונגען נאר ביי גאָט פאָטער אין הימעל, און וואס איך געווין ביי איהם, דאס איז מיין געוואינס... וואס ער גיעט מיר, מיט דעם בין איך צופריעדען. ווי? האָפּען אויף א פאפירענעם צעטעל, ווען איך האב א גוטען אלמעכטיגען פאטער אין הימעל?!

**מזיק:** וואס הייסט, ער גיט אייך? פרובט אדרבה, טהוט גאר נישט און פערלאזט אייך ער זאָל אייך אראפווארפען פון הימעל, וועט איהר ניט שטארבען פון הונגער? (לייזער טרינקט בגניבה). זעהט איהר דען ניט, אז אויף דער וועלט, האט ניט דער, וואס ווארט מען זאל איהם געבען, — נאר דער, וואס האט שכל און נעהמט אליין? יא, אונזער גוטער, אלמעכטיגער פאטער אין הימעל גיעט אייך שכל, איהר זאלט לעבען ווי א מענש און אויב איהר ווילט דוקא לעבען ווי א בהמה,— אך, מיט גרעסטען פערגעניגען. חא! חא! חא! וואס הייסט, איהר קענט נאר האפען צו איהם? וואס מיינט איהר, עס וועט זיך טרעפען צוליעב אייך א נס? גיעט א קוק, אט שפיעלען די יונגע לייט אין דריידיל. (נעהמט דאס דריידיל) דא איז אויפגעשריעבען „נ״, „ג״, „ה״, „ש״—נס גדול היה שם. דער „נון״, דאס הייסט דער „נס״ געוואינט ניט. דער „שין״—דאס הייסט, שם דארט געוואינט אויך ניט. וואס דען געוואינט? „ג״ גדול, דאס וואס איז גרויס, פעהיג, בעגאבט. וואס געוואינט נאך? דער „ה״, דאס הייסט, היה, דאס וואס איז געווען, דער פאקט, די ווירקליכקייט. א נס געווינט ניט, ניין! דאס וואס איז דארט, זוייס איך וואו, וואס מען זעהט ניט און מען בעגרייפט ניט, דאס געווינט ניט. ע! זייט ניט קיין יוד...

**הערשעלע:** גאט איז מיט אייך! וואס הייסט, איך זאל ניט זיין קיין יוד, חלילה?

**מזיק:** עס רעדט זיך אזוי, דאס הייסט, זייט ניט קיין איינגעשפארטער מענש און נעמט דאס צעטעל. איך פערזיכער אייך, איהר זועט געווינען פופציג טויזענד. איהר הערט? אהן מיה, אהן ליידען, אהן קאפ-דרייעניש—פופציג טויזענד רובל!

**הערשעלע:** אי, וועה איז מיר! לאזט מיך צו רוה, איך בעט אייך! וואס הייסט, איך וועל געווינען 50 טויזענד? ביי וועמען, וועל איך זיי געווינען? ווער וועט עס מיר אומזיסט געבען פופציג טויזענד? אז איך וועל זיין גליקליך און וועל געווינען, וועלען דאך זיין אזוינע אונגליקליכע, וואס וועלען דיעזע פופציג טויזענד פערשפיעלען, חלילה, איך וועל דאס ניט טהון! (בלייבט פערטראכט).

**לייזער:** אנ׳עושר לעבט אהן א מאראקע, ער גיעט א סך צדקה.

די צדקה אין פושקע, אַ וואָהלטיג אין קישקע (שרעקט זיך) איך... איך וויל זאָגען, הערשעלע, אַז דאָס געלד, וואָס מען געווינט צאָהלט אוים אין קאַזנאַ... וואָס האַרט דיך? זאָל זי צאָהלען. (געהט צו מוזיקען) ששו! האָט קיין פאַראיבעל ניט, איך האָב אייך געוואָלט פרעגען: (אויפ'ן אויער) וויפיעל איז דער זייגער? (זעצט זיך צוריק).

הערשעלע: און אַ חוץ אַלע זאַכען, נאָך וואָס דאַרף איך אַזא אוצר מיט געלד? איך וועל גאָר ניט וויסען, וואָס מען טהוט מיט דעם.

חצקאל: ר' הערשעלע, דאָס רעדסט דו שוין, זיי מיר מוחל, ווי אַ צו גרויסער תם. אַז דו וועסט שוין קריגען די אַפּותיקא, וועסט דו שוין וויסען וואָס אויפצוטהון. אָט, למשל, איך בין אַ וועבער, מיין טאַטעל איז אַ וועבער, מיר וועבען כשר'ע טליתים און פערדינען דערביי אַ טרפה מכה. וועו' פערדיענט? דער וואָס וועבט ניט. מיר שלעפען מיט אונזערע צומאַזאָלעטע הענד די היסע קנישעס פון אויבען און ווער שלינגט זיי? אַ דאַרמאָיעדניק. פאַר וואָס? וויל מיר זענען צו גרויסע קבצנים...

דאָבע: חצקאל, רעד ניט אַזוי געגען... איך האָב די הענד ניט געוואַשען.

חצקאל: דו, אָבער, ר' הערשעלע, זאָלסט האָבען געלד, וואָלטען מיר אין דער היים געהאַט וועב-שטולען און מיר וואָלטען ניט געדאַרפט אַרבייטען, דער ניט-גוטער וויים אויף וועמען...

דאָבע: ניט דאָ געדאַכט, ניט אין קיין יודישע שטוב געדאַכט.

פעסעניו: הערשעלע, מיט געלד קען מען זיך אַן עצה געבען. וואָס דען, דלות מיט ציין-ווייטאָג איז עפּעס אַ גרויסער מאכל?

ציפעניו: אונז וואָלט מען באַלד געקויפט נייע וואַרעמע מלבושים. מיינע שיך וואָלטען ניט געוועזען פערבונדען מיט אַ אָקראַיקע און פריידעניו'ן וואָלט מען געגעבען נדן און געמאַכט שיינע חתונה-קליידער.

מאָטעלע: דער יוד זאָל מיר געבען 50 טויזענד, וואָלט איך באַלד צוגענומען אָהן קשיות...

דאָבע: ר' הערשעלע, אפשר האָט דער יוד אַ גרינגע האַנד? מזל ווענדט זיך נאָר אין אַ גרינגע האַנד.

פריידעניו: איך דאַרף ניט קיין שיינע מלבושים. דער פעטער און מיר אַלע זענען שטענדיג געווען צופריעדען אָהן געלד און גליקליך אויך.

מזיק: ער איז ניט געווען גליקליך און צופריעדען, ער האָט גאָר ניט געוואוסט, וואָס איהם פעהלט. די אַלע אונגליקליכע, וואָס לעבען אין אָרמוטה, וואָלטען ניט געווען אזעלכע שרעקליכע קבצנים, ווי...

וואלטען געוואוסט, וואס זיי פעהלט! ווען זיי וואלטען געפאדערט בעסערס, וואלטען זיי בעסערס געהאט. זאגט אליין: פאר וואס זאלט איהר ליידען הונגער, קעלט, נויט? פאר וואס זאלען אייערע קינדער געהן בארוועס און נאקעט, ווען איהר קענט געווינען 50 טויזענד און לעבען בהרחבה? וואס רעד איך, פופציג טויזענד! איהר דארפט פערשטיין, געלד לויפט צו געלד: וועט איהר נאר האבען 50 טויזענד, וועלען זיך שוין די טויזענדער מעהרען און מעהרען. ר׳ הערשעלע, אויב איהר ווילט זיך אליין ניט קיין גוטעס, האט רחמנות אויף די יונגע קינדער. זיי פאנגען ערשט אן צו לעבען אויף דער וועלט.

פעסעניו: ער איז דען ניט גערעכט?

מזיק: איהר האט נאר טעכטער?

דאבע: זי איז א בעזדיעטיכע, ניט פאר מיר געדאכט, ניט פאר קיין יודישע טאכטער געדאכט.

פעסעניו: (פריינדליך) גוטער פריינד, אונז האט גאט ב״ה ניט נעגעבען קיין קינדער. דאס זענען פלימעניצעס. ווען ציפעניו איז געבוירען געווארען, איז מיין שוועסטער געשטארבען, פריידעניו איז געווען אלט צוויי יאהר. אט אזא קאראפוזעל געוועזן. האב איך זיי אויסגעהאדעוועט און ערצויגען.

מזיק: נעמט, נעמט א צעטעל. איך בעט ביי אייך איצט ניט קיין גראשען דערפאר און איהר טהוט קיינעם דערמיט קיין שלעכטס: זוכען מיטלען, ווי פטור צו ווערען פונ׳ם דלות איז קיין עולה ניט. (גיט הערשעלען מיט געוואלט א צעטעל) פופציג טויזענד וואלגערען זיך ניט אין די גאסען. 50 טויזענד!

פעסעניו: ווי אזוי וועלען מיר וויסען, אז מיר האבען געוואונען 50 טויזענד?

מזיק: אה, זייט רוהיג, איך וועל אייך שוין לאזען וויסען. איך היט עס אב: איך נעם א פראצענט דערפון.

פעסעניו: אזוי? איהר נעמט אראפ א חלק? בלייבט דאך שוין אונז ניט קיין פופציג טויזענד.

מזיק: ניין, חלילה, איך נעם ניט פון אייער טייל, איהר קריגט 50 טויזענד ביז איין גראשען.

הערשעלע: האט קיין פאראיבעל ניט, ר׳ יוד, איהר האט מיך גאר צוטומעלט. וואס הייסט, אי, גאטעניו פאטער, וואס זאל איך טהון? (האלט דעם צעטעל און ווייס ניט וואס צו טהון).

חצקאל: ר׳ הערשעלע, האב קיין פאראיבעל ניט, איך בין א פראסטער מענש, אבער איך מוז דיר זאגען, דער יוד איז גערעכט.

וואס הייסט, דו פֿרעגסט גאט, וואס דו זאלסט טהון? דו מיינסט איהם ארט טאקי באמת, אויב דו נעמסט א צעטעל צו נײן? נאך מײן שכל נאך: גאט ב״ה איז טאקי גאט און א מענש דארף זײן א מענש. וויל מען נעמען א צעטעל, — נעמט מען, — נײן? נעמט מען ניט. אבער איהם דארף מען ניט מישען. אין אזעלכען זאכען.

הערשעלע: איך וועל אײך זאגען, אויב איך וועל חלילה געווינען, וועל איך וויסען, אז גאט ב״ה האט מיר בעצאהלט פֿאראוים פֿאר אלע תורות, וואס איך וועל אנשרײבען ביז׳ן טויט. איך וועל קענען זיצען רוהיג כל ימי און שרײבען ספר תורות פֿאר ארעמע מנינים, פֿאר סאלדאטסקע שולען, פֿאר בית־המדרש׳ן און קלויזען.

מזיק: דאס וועלען מיר שוין זעהן, ווען איהר וועט געווינען דעם געווינס.

הערשעלע: (בעטראכט דאס צעטעל) אי! ווער קען עס גלויבען, אז דורך א שטיקעל פּאפּיער קען מען ווערען אנ׳עושר. אי! אי! טאטע פֿאטער אין הימעל, ווי גרוים זענען דײנע וואונדער? מי כמוך באלים ד׳, מי כמוך נאדר בקודש, נורא תהלות עושה פלא?

פּעסעניו: הערשעלע, אז מיר וועלען האבען נענוג געלד, וועל איך קענען פֿאהרען עפּעס צו א גוטען רופא און איך וועל נאך אפשר אי״ה געבענשט ווערען מיט א זוהן.

דאבע: אי, זאלט איהר געזונד זײן, ווײס איך איצט א מיטעל צו קינדער. (שטיל, מזיק הערט) מען נעמט די אלטע טרוקענע הושענות, וואס די מאנזבילען שמײסען אב און ווארפֿען ארויף אויף׳ן ארון קודש, די הושענות פערקאכט מען אזוי ווי טהעע און מען טרינקט עס נײען מאל.

לײזער: (קוקט זיך ארום און טרינקט) מען טרינקט נײען מאל, מען דארף עס געדענקען.

מזיק: (עפענט דעם בומאזשניק. בײ איהם פֿאלט ארוים א נאלדענער אימפעריאל. ער געהט אן א זײט און שרײבט עפּעס. אין דער זעלבער צײט זאגט ער:) ר׳ הערשעלע, צו קינדער איז דא א ריכטיגערער מיטעל.

ציפּעניו: א נו, פעטער לעבען, ווײזט מיר דאס שײנע צעטעלע, (צײגט מאטלען) זעהסט, מאטעלע.

פֿרײדעניו: ווײס איך, וואס איז דארט דא וואס צו זעהען?

(ציפּעניו גיעט א שלעפּ בײ מאטלען דאס צעטיל און רײסט אײן).

הערשעלע: (אויסער זיך) אי! איהר האט צוריסען? דער טײוועל זאל אײך! אי! גאטעניו, שטראף מיך ניט פֿאר די רײד, זעה נאר, וואס איך האב געוואלט זאגען:

מזיק: ניש׳קשה. עס שאדט ניט, ווען עס איז אביסעל צוריסען

איך זאָג, ר׳ הערש, צו קינדער איז דאָ אַ ריכטיגערער מיטעל: אַ ערליכער יוד טאָר ניט לעבען מיט אַ׳ן עקרה אַ ווייב מעהר פון צעהן יאָהר, חע! חע! חע! איהר גט אָב אייער אַלטעטשקע און נעמט אייער יונגע, שיינע פּלימעניצע (צייגט אויף פריידעניו).

פריידעניו: אָי! גאָט איז מיט אייך, וואָס רעדט איהר דאָס? וועה איז מיר! וואָס רעדט איהר? (זי פאַרדעקט איהר געזיכט מיט די העגד).

פעסעניו: וואָס? האַ! (הערשעלע גיעט א קוק אויף איהר און קערט זיך אָב. פעסעניו וויל עפּעס זאָגען ביין, בעמערקט אָבער דעם אימפּעריאַל און טרעט אַרויף מיט׳ן פוס און בלייבט שטיין אַ צומישטע).

מזיק! חאַ! חאַ! איך מאַך שפּאַס. אַ גוטע נאַכט. עס איז ניט מעהר, ווי אַ שפּאַס. (טהוט אָן דעם פעלץ).

דאָבע: חאַצקעל, ער געהט דאָך שוין אַוועק. אפשר וואָלסט דו איך גענומען אַ צעטיל? פאַר וואָס קומט זיי אַליין פּופּציג טויזענד? אָה) עהסט, מיר בייסט עפּעס דאָס רעכטע אויג, אַ סימן אַז מיר וועלען טאַקי האָבען יסורים (זי קראַצט די לינקע אויג).

חצקאל: דאָבע, פערגינסט איהם שוין ניט? לאָז ער נאָר גע־ווינען: וואָס ביי איהם, וואָס ביי מיר, דאָס איז אַלץ איינס. דו וועסט ניט האָבען קיין יסורים, ביי דיר בייסט גאָר דאָס לינקע אויג.

דאָבע: דאָס איז דאָס לינקע? איז דאָך דאָס גאָר אַ סימן פון אַ שמחה!

לייזער: (שכור) איז ער געגאַנגען צו דערלאַנגען אַ ביסעל משקה פון דער פלאַשקע. דו ביזט, פריידעניו, אַ ריכטיגער מיטעל, זאָגט ער. זעהסט דו. הערשעלע, דאָס איז שוין אַ גוטער געווינס... ער איז געגאַנגען צו דערלאַנגען...

הערשעלע: טאַטעניו, זיי זיך מטריח, געה צו זיך, איך בעט דיך.

לייזער: ניין! ניין! (זינגט) איז ער געגאַנגען צו דערלאַנגען...

הערשעלע: האָב קיין פאַראיבעל ניט, טאַטעניו, איך וויל דיר חלילה ניט פוגע בכבוד זיין. פאַרקערט, דו זאָלסט, חלילה, ניט ליידען קיין בזיונות (נעמט איהם אויף די הענד און טראָגט איהם).

לייזער: (דריגעט מיט די פיס און שרייט) ניין! ניין! לאָ, מיך אָב! איז ער געגאַנגען צו דערלאַנגען...

מזיק: איך האָב זיי פערקויפט אַ לאָטעריע צעטיל גיכער, ווי איך האָב זיך געריכט. געווינען אַ גרוים געווינס און ווערען גרינג אַ עושר איז ניט קיין קלייניגקייט. חע! חע! אַ גוטע נאַכט! (געהט).

פאָרהאַנג.

## צווייטער אקט.

(א רייכער זאל. לייזער זיצט אויף א קרעסלא און מאכט א מייזעלע פון זיין גרויסע רויטע נאָזטיכעל. ציפע שטעהט ביים שפיגעל און פלעכט איהרע צעפ. אויף א טישעל אין פוטליאר ליגט הערשעלעס פידעלע).

לייזער (גנב׳עט זיך צו צו איהר) קרע! איא דו האָסט זיך דער־שראָקען פאר דער מייזעלע? שש! אז דו וועסט חתונה האָבען פאר סאָמלען וועל איך פאר דיינע שרצים׳לאך מאכען א זעלכע חיה׳לאך.

ציפעניו: וואָס הייסט, איך וועל חתונה האָבען פאר מיין שוועסטערס חתן?

לייזער: שש! (קוקט זיך ארום ערשראָקען) ניט גערעדט און ניט געטענה׳ט. (זעצט זיך אין א ווינקעלע).

ציפעניו: זיידע, זאָגט דעם אמת: אייך געפעלט דאָס, וואָס מיר זענען איצט אריין אין די הויכע פענסטער? איך פיהל, גלייך איך זאָל טראָגען דעם פעטערס קאַפאָטע. עס איז עפּעס ניט צוגעשניטען צו דער מאָס, חאַ! חאַ! חאַ! אויף מיין וואָרט, ווען די זיך זענען געווען פאר־בונדען מיט א קראַיקע, האָט עס ביי [illegible] געזעהט.

לייזער: קעציל, עס איז גאָר מיר וואָלען דיינע קבצנ׳ישע געוואָהנ־הייטען וועלען זיך אויסוועבען. איך פיהל בעסער, ווייל איך בין א געוואָרענער גביר. שוטה, איז דען דאָס שלעכט, וואָס מען עסט אלע טאָג ראָסעל־פלייש מיט ווייסע חלה און מען קען צאָפּט א זוּפ טרינקען א קאַפּיטשקע? איז ער געגאַנגען צו דער [illegible]ען...

ציפעניו: (חאַפּט אונטער) א ביסעל משקה פון דער פליאַשקע, דו איהר ווייסט, מען לאַכט פון אונז, מען רופט אונז: די נייע געבאַקטע גבירים.

לייזער: וואָס מיינסט דו, א אלט־געבאַקענער גביר איז געשמאַקער? איך וועל דיר זאָגען דעם אמת, איך וואָלט געווען גאַנץ צופריעדען, ווען... ווען... קום אהער, איך וועל דיר זאָגען בסוד (זי לויפט צו איהם, ער זאָגט איהר אין אויער) ציפעניו ביי מיר איז ניט, ווי ביי אלע מענשען. (לויט) ביי לייטען האָט א זוהן דרך ארץ פאר א טאַטען און איך האָב מורא פאר הערשעניו.

ציפעניו: וואָס האָט איהר מורא, ער וועט אייך אָבשמייסען?

לייזער: יאָ! יאָ! פשוט מורא. איך מאַך זיך הארץ. כלומר׳שט איך בין א העלד, אָבער איך שרעק זיך פאר איהם. מיט׳ן מויל בּרהן איך זיך, אָבער דאָ פיהל איך גאָר ניט פסח׳דיג. איך בין א קליין מענ־שעל און ער צוקוועטשט מיך מיט זיין לומדות, מיט זיין פרומקייט, מיט

זיין גוטסקייט. אַז ער איז דאָ, ווערט לייזער בדחן נאָך מיט צוויי דריטערשקעס קלענער ווי ער איז, ציפעניו, און איצט זינד ער איז געוואָרען אַ נגיד, ווען ער גיט אַ קוק אויף מיר מיט זיינע קאַלטע פערטראַכטע אויגען, הויבט מיך אָן קיצלען אין דער פּאָטילניצע. אַ פּנים פון געלד קריגט מען אַ פראָסט אין די אויגען... קינד, איך בין אַ קליין מענשעלע און קען דיך קיין אָרט ניט געפינען.

ציפעניו: איהר זייט אַ קליינער מענשעלע און איהר האָט ליב אַ גרויסע גלעזעלע.

לייזער: יאָ, אַ קליינער מענשעלע בין איך איצט, אָבער עס איז געווען אַ צייט, אַמאָל, שוין לאַנג, ווען איך בין געווען אין מיין פאַך גרויס און בעריהמט, ווען איך פלעג קומען אויף אַ חתונה, פלעגט מען ווייזען אויף מיר מיט די פינגער, אַלע ווייבער פלעגען אָנהויבען ברומען, אַלע מיידלאַך קוויטשען פון פרייד: דאָס איז ער! דאָס איז ער! און אַז איך פלעג זיך אַנידערשטעלען בדחנ׳ן פלעגט ווערען שטיל ווי אין אַ שוהל צו שמונה עשרה, מיינע אויגען פלעגען זיך אָנצינדען מיט אַ פייער, מיין האַרץ פלעגט אָנהויבען פאָכען און פלאַטערן. אַלע כלי־זמר פלעגען פון מיר בעגייסטערט ווערען און די ערשטע פידעלע פלעגט נאָך מיין באַגער ווײנען און ריידען... ווי צו ונתנה תוקף פלעגען ווייגען די ווייבער! די כלה האָט געגאָסען ביטערע טרערען, שכור׳ע מאַנסבילען פלעגען ניכטער ווערען אָה! עס איז געווען אַ גוטע אַ זיסע אַ שיינע צייט. (בלייבט זיצען טרויעריג).

ציפעניו: זיידעניו, וואָס האָט איהר אייך פערזאָרגט? אַז איהר ווילט ווע‍לען מיר באַלד דאָ שפּילען אַ חתונה? שטעלט אייך פאָר, איך בין אַ כלה. אָט זעץ איך זיך אַנידער און פערשלייער זיך (דעקט צו דעם קאָפּ מיט אַ טיכעל) אַזוי שפּילען זיך איז נישט שלעכט (לאַכט).

לייזער: דו ווילסט הערען? נו, מהיכא תיתא. מאַכט אַ פידעלע, טע דע דע דאַם (זינגט ווי מען באַזעצט אַ כלה און שטעלט זיך אויף אַ בענקעל) אָה! ווײן כלה׳לע, וויין עס וועט שוין נישט זיין, וואָס עס איז געווען...

ציפעניו: (מאַכט זיך, זי ווײנט) אַי! אַי! אַי! (ווישט כלומר׳שט די טרערען און חליפּעט).

לייזער: דיינע פרייע טעג זענען שוין אַוועג, ד, שוימסט איצט צו צו אַ פרעמדען ברעג. דו וועסט ניט לאַכען מעהר און ניט זינגען, טראָגען קייטען וועסט דו זיין איצט געצוואונגען (ציפעניו הערט זיך צו ערנסט) דיין שעהנע יוגענד נעמט אַנ׳ענדע. אַנשטאָט טאַטע און מאַמע, וועסט לעבען צווישען פרעמדע, דיין יונגע הערץ וועט זיין מזל מיט

צרות, ווי מיט א הינדעלע נעבאך, וועט מען שלאגען מיט דיר כפרות ציפע וויינט אויף אנ׳אמת) ווי א יונגע קוויטעלע נעמט מען דיך פון דאנעט, אה, וועה, גיך אבער וועסט דו ווערען פערוויאנעט.

ציפעניו: אי! אויף מיין ווארט, עס ווערט טאקי קאלאמוטנע אויפן הארצען. (וויינט).

לייזער: כלה לעבען, עס קומט די ביטערע צייט, ווען פון דער היים וועסט דו זיין זעהר וויים (פעסעניו אריין בעל־הבתיש געקליידעט) און ווען דו וועסט וויינען מיט ביטערע טרערען.

פעסעניו: אי, שווער לעבען, וואס אייך קען איינפאלען! (לייזער דערשרעקט זיך און זעצט זיך אין ווינקעלע). זעה נאר, דער שווער מאכט חוזק און זי וויינט. (ווישט איהר אב די טרערען) נארעלע! שווער, א פנים אז עס איז גוט בלייבט קיין אנדער ארבייט ניט: אדער שלאפען אדער וויינען. אויף מיין ווארט, זינט מיר האבען געוואונען דעם גרויסען געווינס וויים איך ניט, וואוהין איך זאל זיך אהין טהון, און הערשעלע איז אויך עפעס אזוי ווי א פרעמדער געווארען: שטענדיג פערטראגען, פער־זארגט... אין ארימקייט איז מען עפעס נעהנטער איינע צו די אנדערע.

ציפעניו: וואס־זשע, מומעניו, איהר האט שוין חרטה?

פעסעניו: חרטה? חלילה... דאנקען גאט, מען שטעלט אלע טאג דעם סאמאוואר, עס איז ווארעם, עס איז דא וואס אנצוטהון... אבער איך האב געמיינט, עס וועט זיין בעסער.

ציפעניו: געווינען דעם געווינס איז אפשר ניט שלעכט, אבער דאס, וואס צוזאמען מיט׳ן געווינס האבען מיר געוואונען אויך מזיק׳ן אין שטוב אריין, דאס מאכט קאליע דעם גאנצען צימעס. חא! חא!

פעסעניו: נארר, ער איז דאך א שותף. הערשעלע אליין איז דאך ווי א בלינדער אין געשעפט.

לייזער: ווען הערשעלע וועט קענען מזיק׳ן אהן מזיק׳ן, וועט מזיק מעגען געמזיקט ווערען. (גערויש) שא! גזלנים! זיי געהן אהער.! (ערשרעקט זיך. זעצט זיך) לייזער, בעהאלט דעם בדחן (הערשעלע און מזיק אריין. הערשעלע אין א שיינע זיידענע קאפאטע, זיי זעצען פארט זייער געשפרעך).

הערשעלע: פון וואנען ווייסט איהר דאס אזעלכע זאכען? (זעצען זיך רעכטס).

מזיק: איך האב געלייענט אלע ספרי הפילאזאפיע, וואס איז דא אין העברעאיש.

הערשעלע: וואס הייסט, עס זאל ניט זיין קיין עונש, קיין שטראף, יעדער מענש זאל טהון וואס ער גלוסט? ווי ווילדע חיות וועלען דאך

